אייזיק פלאטנער

# וואָס דער טאָג דערציילט

פארלאג א. בידערמאן
182 צוויטע עוועניו
ניו יארק

איינס

## אַרבעט און געזאַנג

צוויי

## שטאָט

דריי

## סקווערן

פיר

## וואָס דער טאָג דערציילט

## אַרבעט

די אַרבעט איז פאַר מיר אַ ליד,
יעדער קרעכץ פון ראָד — אַ טאָן;
די אַרבעט־קראַפט — פון ליד דער זין.
איך קלייב באַגייסטערט טענער אָן,
און זינג זיי אויס אויף דער מאַשין...

## באַגינען

באַגינען, מיין קראַפט איז אויסגערוט,
בלייכע הימלען וועקן שטיל און צאַרט די וועלט;
גיי איך מיט מיין אַרבעט־קויעך אין האַנט.
אין שטילע גאַסן שלאָגן הילכיק מיינע טריט
ס׳האָט מיין קראַפט זיך אויסגערוט,
מיט זאַפט פון ברויט געקרעפטיקט איז מיין בלוט;
און די מוסקלען — אָנגעשטרענגט מיט מוט.
עס רופט די אַרבעט מיך פון ווייט,
איך פיל עס אין מיין יעדן גליד;
און פעסטער הילכן מיינע טריט —
עס וועט ניט ליידיק שטיין דער טאָג,
ס׳וועט ניט פוסטעווען די לופט:
איך שפאַן אייך אַלע איין אין יאָך,
כ׳נעם די ווינטן מיר צו הילף;
באַפעל די טייכן: טאָן וואָס מיר געפעלט!...
אין לופטן וועט זיך טראָגן — האַמער־קלאַפּ,
ווינטן־ראַש, וואַסער־רויש —
טראָגן זיך אין אַלע עקן וועלט.
ביזן אָוונט וועלן רוישן די מאַשינען,
ס׳וועט די נאַכט אַן אַנדערע די וועלט געפינען...

## איך ליב די אַרבעט

איך ליב די אַרבעט אַן אַ שיר.
ס׳איז אַ פרייד ביי מיר:
כ׳בין שטענדיק מונטער.
אַז איך אַרבעט איז מיין גייסט געזינטער.
— וועבן זיך געדאַנקען,
וועקן זיך פאַרלאַנגען,
מישט זיך אוים מאַשינען־רויש מיט האַרציקע געזאַנגען.
אַ וואַרף דעם קאָפּ,
אַ וואַרף די הענט,
די פּאַטליע האָר —
די אַרבעט ברענט...
סאָפּעט ברוסט
און אָטעמט פריי,
קלאַפּט דאָס האַרץ
אין קלאַפּעריי
פון האַמערס און מאַשינען...
— — — — — —
איך אַרבעט!

## דערפאַר בין איך לוסטיק

דערפאַר בין איך לוסטיק,
דערפאַר בין איך פריילאַך
און טענצל זיך אונטער
פאַמעלאַך —
אַ וועלט וועט דאָך קיינמאָל ניט שטאַרבן.
אַ וועלט איז צעפינקלט אין טויזנטער פאַרבן:
מיט זון, מיט לעוואָנע, מיט שטערן באַפינטלט,
און פעלדער באַבלימלט, אין גאַרבן צעבינטלט —
געשניטענע זאַנגען געבינטלט אין גאַרבן.
אָ, אַ וועלט וועט ניט שטאַרבן!
דער שניטער איז מונטער,
וואָס מער געשניטן —
אַלץ פעסטער, געזינטער,
אַ וועלט וועט שוין האָבן צו עסן —
אַ וועלט וועט ניט שטאַרבן...
דערפאַר בין איך לוסטיק,
און טענצל זיך אונטער —
טאַ־טאַ־דע־ראַ־טאַ,
און טאַ־טאַ־דע־ראַ־טאַ...

## פון יעצירע

### 1

א אינמיטן־דער־נאַכט האָט פאַרהויבן דאָס קלייד איבער לענדן,
און ליגט אין די גראָזן א הוילע,
צעשטרעקט מיט די נאַקעטע פיס פון באַגערן...
זשוזשעט די שטילקייט פון טאַיווע,
לעקט זיך די ליפּן — מיט שימער פון שטערן;
און ביימער באַגערן...
ווייטקייטן ליגן פאַרדומעט מיט הימלען,
און שווייגן געזעטיקט פון זיסקייט.
הינטלאַך באַהעפטן די בלומען,
וואַרפן פאַנאַנדער די זריעס פון ווילדע געשפּראַצן.
ס'ברומט אינם בלוטן־געלויף פונם לעבן
א מיטן־ביינאַכטיקער ליגן פון מינים...
פון מידבאַרשע ווייטן פאַרציען זיך ברומען,
ס'גלוסטן צעוואָרפענע סקאַלעס אין מאַכיקע הילן,
און כוואַליע מיט כוואַליע באַהאַפטן אין לענג פון די יאַמען,
וויגן זיך, וויגן זיך, לעקן די ברעגן...

2

ס׳גייט דאָס לייב דורך דער וועלט —
אַ דורכזיכטיק שטיק.
דאָס געפעש איז בלוט,
רינט אין די אָדערן דורך
אַרויף און אַראָפּ.
און מער איז ניטאָ.
שטייט דאָס לייב פון יעדער מויד
און מאָנט מיט טויזנט מײַלער אין דער רויטער הויט —
אַ שטום געבעט...
קומט דער מאַן און ליגט מיט זיי,
וואַקסט דאָס לעבן אָן...

3

ס'זאַמלט פאַרשלאָסענע מאַכנעס סאָלדאַטן
מיט כאַיעשער לוסט און צעזאָטענע בלוטן —
אין רויטע קאַזאַרמעס, אויף שטרוי־זעק און נאָרעס.
כאַלעמען זעלנער ביינאַכט אין דער פינסטער
שוואַרצע כאַלוימעס מיט שטאָלענע גלידער
וואָגלען אַרום מיט צעבויגענע פינגער
אויף היציקן לייב און אויף שווייסיקע ערטער,
סאָפּען ווי בערן, מעטושטיש פון טאַיווע...
ס'וואַקסן די ברוסטן ביי שיקסעס אויף דערפער,
און יערן אַזש איבער.
גרייטן זיך דאָרטן און דאָרטן די מאַכנעס,
אויף גלאַנציקע רוקנס פון פערדלאַך זעכאָרים,
מיט זאַפּט אין די ביינער און שטורמישע מאָרדעס.
ס'גלאַנצן כאַלאָפּים אַנטקעגן די זונען,
און רייכעס פון פולווער דערהיצן די בלוטן.
נאָכדעם די נעכט אין די וויסטע מידבאָריעס,
אין נאַסע פאַרטאָגן, אין נאַקעטע וועלדער;
פאַרלירט מען די קעפּ אין אַ שיקרעס פון בלוטן.
צעפּלאַקערן כרייפעס, און רויכן דערשטיקן,
ס'האַקן גראַנאַטן, ס'צעפּליען די בריקן —
און ערגעץ פאַרשלעפּט מען די מיידן אין וועלדער...

4

איך זאָג צו דער פרוי,
איך קען דיך ניט פון דיינע ווייטע טעג,
איך ווייס ניט דיינע נעכט.
נאָר דאָס איינע ווייס איך יאָ —
מיר זיינען ביידע פון דער וועלטס געבליט
צוויי טראָפּן אין אַ יאַם;
און לויפנדיק פון באַרג אַראָפּ, אין גאַנג —
זיך דאָ צונויפגעקלאַפּט,
און אויסגעמישט דאָס בלוט...
דאָס איינע ווייס איך יאָ —
צוויי שטראָמען זיינען מיר אין יאַם,
אין ריזלדיקן וואַסערפאַל.
מיר פאַלן אָפּ, און קומען צוריק,
און זיינען אַלץ, נאָך אַלץ אין יאַם.
ס'טראָגן אונז די כוואַליעס אום
פון ברעג צו ברעג;
פון אויבערפלאַך צו אונטערגרונט;
עס טראָגן אונז די כוואַליעס אום...
אונזער גורל — בלינד,
אונזער ווילן — ווינט;

דער קויעך פון דער וועלט אין אונז איז ווילד —
שלאגט מיט אונזערע קעפ אדורך די ווענט,
טרייבט אונז אין דער וועלט אריין,
און טרייבט ארויס...
דער קויעך פון דער וועלט אין אונז
איז זים און ברענענדיק —
סארפעט אוים דאס לייב,
און לעקט ארוים דעם זאפט פון יעדן ביין.
ווארפט אוועק דעם שאלעכץ — מענש
און ברענגט ארוים דעם יאדער — מענש.
דיינע ליפן זיינען רוים,
עס הייבט מיר אויף דעם מויעך
דער אויסגעבוי פון דיין אנטבלויזטן גוף.
איך ווייס ניט ווער דו ביזט
פון דיינע ווייטע טעג;
נאר דאס איינע ווייס איך יא —
צוויי טראפן זיינען מיר
אין גרויסן יאם...

אין מיינע אָדערן גאַלאָפּירט דאָס בלוט, געקייטלט אין רינגען.
כ׳האָב טויזנט מאָל פאַרוואָרפן די אָרעמס אַרום האַלז פון לעבן,
און זינג מיט דער בריע דאָס ליד פון יעצירע:
גאָט זינגט —
לוי לעסויהו באָראַסי,
טויזנט יאָר איז אַ טאָג,
טויזנט יאָר איז אַ נאַכט.
דער כאַאָס באַצווינגט מיך;
ליג איך געאָרעמט מיט וועלטן
און קאָן ניט פאַרטרינקען מיין טאַיווע.
און קאָן זיך ניט זעטן פון גלוסטן...
עס זינגען די בערג און פאַרשפּרייטונג פון פליינען,
די ווייטע מידבאַריעס, די פינסטערע היילן,
און אַלע פאַרסוידעטע טונקעלע בלייזן
פון ווילדער געדיכטקייט, און שפּאַלטן פון פעלזן.
עס שיפען די שלאַנגען מיט היציקע בייכער,
וויקלען זיך אוים מיט אַ ווילדן באַגער אין געפלאָכטענע רינגען.
עס זינגען די הימלען מיט שטערן־געפינקל,
דער טונקל פון אויגן, דער ציטער פון לייבער.
דער לייב מיט דער ווילדער טשופרינע,
די בוהיים, מיט שווערקייט און שוימיקע פיסקעס,
די פייגל אויף צווייגן, די זשאַבעס אין לוזשעס אין גרינע;
און מילבן מיט מילבן באַהעפט אין דעם זוים פון אַ מאַלביש
זינגען דאָס ליד פון יעצירע...

# קינדער

1

קינדער האָבן שוואַרצע קעפּ,
און העלינקע און בלאָנדע אויך;
און שוואַרצע סאַמעטענע אויגן.
בעקלאַך מיט אַ ראָזן הויך
באַצויגן.
נעזעלאַך ווי טרויבן,
און הענט —
ווי פליגעלאַך ביי טויבן.

2

קינדערישע רייד —
אַ ווילד באַוואַקסן פעלד,
וואָס רוישט אין ווינט.
אַ פרייד
צעשטראַלט, צעהעלט,
וואָס פליסט און רינט —
אַ קוואַל,
אַ וואַסערפאַל
אַנטקעגן זון.

3

קינדער ווייסן בלויז דאָס אייגענע לעבן,
זיצן זיי אין ראָד און שפּילן,
איינס דאָס אַנדערע דערנעבן,
ווערן נענטער די געפילן;
שפּילט מען שוין צוזאַמען —
אין אַ קינד, אין טאַטע־מאַמע.

4

קינדער, קינדער, ווייסט איר שוין
וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט?
כ׳וועל אַ מאַיסעלע דערציילן,
אַ מאַיסעלע, ווי אייך געפעלט:
אַמאָל איז געווען אַ האַר און אַ קנעכט,
דער קנעכט איז געווען אַ גוטער,
געאַרבעט בייטאָג, און געבענקט אין די נעכט.
נאָר געווען איז דער האַר זייער שלעכט.
געמאַטערט זיין דינער צום טויט,
און די קינדערלאַך זיינע פּאַר שקלאַפן געמאַכט.
איז איינמאָל אַרויס אַזאַ ליכטיקע זון און געלאַכט:
מיט רויט, און מיט ווייס, און מיט גאָלד,
און מיט פּראַכט.
אַ לוסטיקייט איז אויף די קינדער אַרויף,
אַז די אייגעלאַך האָבן געברענט.
און די ערד האָט דערוואַכט,
עס האָבן די טעג שוין די נעכט ניט דערקענט,
און אַ לעבן אַ נייס איז אַרויס אויף דער וועלט...

## לענינס טויט

ווען לענין איז געשטאָרבן
האָט דאָס פאָלק געוויינט אַ פאַרטאָגעדיק געוויין —
עס גייט אויף די זון
אויף מילכאָמעדיקן פעלד,
און קעגן אויפגאַנג
ליגט דער טויטער העלד...

לענינס טויט
האָט דורכגעקלונגען דורך די אויערן פון וועלט;
לענינס טויט
האָט רוסלאַנדס אָטעם אָפּגעשטעלט.

בייטאָג האָט אַ פראָסט שוין די גאַסן פאַרקאָוועט,
די אויגן מיט בעלמעס פאַרצויגן,
דורך שנייאיקע סטעפּעס, פון וויטן,
האָט פאָלק שוין קיין מאָסקווע געצויגן.

פּאָפּאַכעס און בורקעס, אָקראַיקעס, באַשליקן,
פון טיפע גובערניעס אויף רוסישער ערד,
קאָזאַקן, טשואַוואַשן, קירגיזן, קאַלמיקן,
דורך שנייאיקע סטעפּעס — געפראָרענע בערד.

פון וואַנען האָט פאָלק שוין דערוואוסט זיך,
פון וואַנען האָט פאָלק זיך גענומען?
לענינען פירן צו קוואורע
איז פאָלק אָנגעקומען.

מען גייט פאַרביי זיין אָרן,
טרויעריקע רעגעם טריפן,
אַלע הערצער קלאַפן שוין דאַסזעלבע,
און ס׳גייט דער נאָמען ניט אַראָפּ פון קיינעמס ליפן.

דאָס רויטע פאָלק אין שוואַרצן טרויער
אויף ווייסן שניי... אין יענעם טאָג
האָט פאָלק פאַרביטן טרויער
אויפן לענינשן זאָג...

# אַ גרוס צו די כאַוויירים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

ערשטנס קום איך אייך צו שרייבן —
מיר זיינען באַרוכאַשעם געזונט און מאַכן ניט קיין לעבן;
מיר זיינען שוין פאַרשולדיקט די העמדער אויף די לייבער,
און דאָס איבריקע זאָל גאָט געבן...

צווייטנס — אַז עס בייסן אונז די דלאָניעס,
און מען האָט ניט וואו אַהינצוטאָן די הענט;
עס גייט די גרינע גאַל שוין איבער פון זיסינקער ראַכמאָנעס,
כאָטש נעם און זעץ מיט פויסטן דורך די ווענט...

דריטנס — אַז עס וויגט זיך אין די גאַסן שוין אַ שטורעם,
אין גאַסן איינגעדרייט איןווירבלדיקן קראַמף;
און כאָטש מיר זיינען ווינציק נאָך און אָרעם,
גרייטן מיר זיך פיבערדיק צום קאַמף...

כאַוויירים טייערע, מיר זיינען אייך מעקאַנע
און ציילן דאָ מיט ציטער אייער יעדן זיג;
וויפל נייע הייזער ס׳זיינען שוין ביי אייך פאַראַנען,
און וויפיל נייע טיילן אין יעדערער פאַבריק.

מיר לייענען אייערע שריפט און לידער,
און קריגן לעבעדיקע גרוסן אייך;
און יעדעס ליד איז פול מיט לעבעדיקן רודער,
פון אַלע גרוסן אָטעמט יונגער קויעך...

ביי אונז — נאָך זינגט מען פון אַ טויטער מאַמען,
פון אַ קעשער, פון מעזוזעס און פון טפילן;
ס׳איז שוין איסגעפאָרן אַלע זיבן יאַמען
און מען קרעכצט נאָך און מען שפּילט זיך מיט געפילן.

עס איז אומעטיק אין לאַנד דאָ,
ס׳איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
ס׳איז נימעס אָבער שוין די רו.
און ס׳ווילט זיך ביקס אין האַנט גאָר נעמען —

אַז דאָ, אויף האָדסאָן זאָל אַ זינג טאָן,
ווי עס זינגט ביי אייך אויף דניעפּר;
אין אונזערע לידער זאָל אַ קלונג טאָן,
ווי עס קלינגט ביי איציק פעפער...

מען וואַרט נאָך דאָ אין לאַנד אויף ניסים,
נאָר קיין נעס וועט שוין ניט ווערן;
איז נאָר אַזוי ווי איר — פאַרביסן,
לערנען זיך צו טראָגן רויטן שטערן...

# האַמער און סערפּ

(דיאַלאָג)

האַמער: שמיד איך אייזן מיט מיין האַמער,
פליען פונקען, פונקען רויט.
איך און האַמער האָבן ביידע
גאָר דאָס לעבן אויסגעבויט.

סערפּ: פון פרימאָרגן ביזן אָוונט,
ביז די זון פאַרגייט אין רויט;
שנייד איך קאָרן מיט מיין קאָסע,
און פאַרגרייט די וועלט מיט ברויט.

האַמער: איך שמיד דאָס אייזן מיט געזאַנגען,
שמיד און שמיד און ווער ניט מיד.

סערפּ: איך שנייד אַראָפּ פון פעלד די זאַנגען,
שנייד און זינג דערביי אַ ליד.

האַמער: שטאַרקע האַנט, און פעסטער אָרעם,
האַמער־קלעפּ, און קלאַנג פון סערפּ,

סערפּ: פרייהייט, גלייכהייט, קאַמף און ליבע —
דאָס איז אונזער הערב...

## מאַטראַזן

העי, פלינקע, געזונטע און פרייע ווי כוואַליעס;
העי, ברידער, העי, יונגען, געשיקטע מאַטראָזן —
אַרויף צום די פאָנען, אַרויף הייבט דעם אַנקער,
מיר וועלן באַגינען די זעגלען צעלאָזן.

צעלאָפן, צעטראָגן, אויף שטריק און אויף לייטער,
אויף שפּיץ פונם מאַסטבוים, אין הייסן פאַרמאַטער;
פאָנים און פאָנען צעפאָלדעט, צעכוואַליעט,
פלאַטערן ווינטיק אין לופטיקן פלאַטער.

מיר קוקן אַריין אין די לענדער,
און לאָזן זיך ווידער אויף יאַמען,
פאַרברידערט, פאַרבונדן מיט בענדער,
מאַטראָז מיטן יאַם — אַ זון מיט אַ מאַמען.

מיר לערנען זיך פריי זיין אויף יאַמען,
און קומען די לענדער דערמאָנען —
העי, ברידער אויף ברעגעס, צוזאַמען,
אַרויף צום די רויטע, די פאָנען...

## מיין ברודערס קאָפּ

שווער באַלאָדענע אַקסל, האַרטע געלענקען
אויסגעפּרופטע הענט, און פעסטע גלידער.
אַ ברייטע ברוסט פאַר האַס און פרייד, פאַר ליבע און פאַר בענקען,
די אויסגעשמידטע ביוסט — דער קאָפּ פון מיין ברודער.

אָדערן געצויגן איבער שלייף און שטערן;
אַן אָדלער־נאָז און קנאָכנדיקע באַקן.
אַן איינגעקאַרבטע הויט פון אַרבעט און פון קלערן,
אַ ברוינער, שטייפער האַלז און נאַקן.

דיין קאָפּ האָט נאָך קיינער ניט באַזונגען,
דיין קאָפּ שטייט ניט אין מוזייען —
קעפּ פון ברידער, יונגע יונגען,
פאַרבלוטיקט און צעוואַלגערט אין טראַנשייען.

דיין קאָפּ איז אויסגעשטעלט פאַר יעדן ווינט,
דיין קאָפּ — אַ ציל פאַר יעדער קויל;
אויגן ערלעכע, ווי אויגן פון אַ קינד,
און פּראַכטע רייד אין עמעסדיקן מויל.

ברידער־הענט און ברידערלעכע אָרעמס,
ברידער־קעפּ, ווי רויטער גליענדיקער מאָן...
דיין קאָפּ — אויף העכסטע שפּיצן טורעמס
פלאַטערט, ווי אַ לעבעדיקע פאָן...

# ליידיקע קיילים

ליידיקע קיילים דערמאָנען
אין ליידיקע מיילער
און קינדער,
וואָס זויגן די פינגער
פאַר הונגער.
ליידיקע קיילים דערמאָנען
אין יאָרן פון הונגער,
אין טערפּקעס, געשוואָלענע צינגער,
ווי ניקלענע פלאַטן;
אין א טויטן טאַטן,
אין מאַמעס אָפּגעהאַקטע הענט,
אין באָרעוועס הענט
פון א ליידיק הויז,
וואו ס׳לויפט אַרום א מויז
אין פּוסטע טעפּ...
ליידיקע קיילים דערמאָנען
אין קעפּ
פון הארוגים,
אין שרעק
פון יענע טעג,
ווען די וועלט האָט זיך געברענט...

## שניי

מיינע פענסטער — קליינע קאַנטיקע,
כ׳קוק אַרויס דורך זיי;
כ׳זע —
ס׳איז אָנגעפאַלן שניי.
ווייס און רו,
טוט מיר עפּעס ווײ...
כ׳טראַכט —
ס׳מוז אַצינד אַ שיף אין גרויסן יאַם
שניידן דורך די וואַסערן אַ וועג,
און ווייט פוןביידע זייטן איז דער ברעג.
עלנט איז די שיף אין גרויסן יאַם,
און די מענשן אויפן שיף —
די שיף אין מיטן יאַם איז קליין,
מוזן זיי נאָך קלענער זיין.
וויי!
אינמיטן יאַם אַליין,
ווער וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיי —
אַז קיינער איז ניטאָ,
ווער וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיי —
אַז גאַנצע וועלט איז שניי...

## זונפרייד

זיצנדיק אַזוי האָב איך דערפילט אַ פרייד —
אַ באַנדע דינע שטראַלעכלאַך צעשפּריים
אַרום די ווענט,
צעוואָרפן אונטער טיש און בענק,
איבער צימערס ברייט און לענג;
זיי טאַנצן אום און קיצלען מיך...
שפּרינג איך אויף און לויף אַרום
מיט אויגן הייס צעשפּילט,
גיט מיר זון אַ זעץ מיט שיין,
אַ בליאַסק מיט פרייד אין האַרץ אַריין.
איך ווער צעמישט
און ווייס ניט וואָס צו טאָן —
ווער האָט אָנגעשיקט דעם טאָג?
ווער האָט אָנגערייצט די זון?
לויפט פאַרביי אַ מיידל פלינק,
און וואַרפט אַ בליק,
שיק איך צוויי צוריק,
גיט זי זיך אַ קער,
ווייזט מיר דינע פיס,
און באַלד צוריק אַ קער,
אַ פאָכע מיטן קלייד,
אַ קרייזל אין דער לופט.

און פליט אוועק...
איך שטיי און קוק,
איך ווייס ניט וואס צו טאן.
נאר א ווארף טאן זיך אן דר׳ערד
און וואלגערן זיך ווילד,
הירזשען ווי א פערד,
און מאכן א געוואלד —
ווער האט אנגעשיקט דעם טאג?
ווער האט אנגערייצט די זון

## אַ יונגע אַלמאָנע

בײם זוים — בײ אירע טריט, גײט נאָך די לוסט,
פאַרשעמט און שטילערהײט —
װי אַ פאַרזינדיקט קינד,
איר װײסער האַלז, אין שװאַרצן ראַם פון קלײד —
װי װײכער שנײ
אין מילדן אָנהײב־פרילינגדיקן װינט.
אירע רײד זײנען טונקל װי איר קלײד...
עס בענקט אַרום פון איר אַ װײסע פרײד,
אַ װײסע — װי איר לײב.
זי װעט אַמאָל, און פלוצלונג װידער װערן װײב.
פאַרגײען אין די אָרעמס פון אַ מאַן,
אין פרײד, װאָס זי איז אױף דער װעלט פאַראַן...

## שטאָט

1

פון אַלע זייטן אין דער וועלט,
פון אַלע וועגן דורך דער נאַכט,
האָט אַ באַן נאָך באַן געבראַכט
אַ מענשן־קנויל, אַ רויען וואַל;
אַ שפּיי געטאָן מיט דעם דורך אָפענעם וואָקזאַל,
אין פּאָנים פון דער שטאָט...

— — — — — — — — — — — —

אַ מרוק פון מעטאַלענע לונגען
צעוויגט דעם פאַרשלאָפענעם טאָג.
ס'וועקן זיך שווער און צעזוייטיקט די הימלען,
טשוכען זיך אוים אויף די ראַנדן פון שטאָט.
אויף באַרגיקע פּלייצעס און שפּיציקע אַקסלען,
פון ווייטער און ברייטער צעוואָרפענער שטאָט;
דערהייבט זיך אַ רעווען, פאַרוואָרגן פון טויזנטער
שטיינערנע ווענט.
שטאָט — איבער וואַסער פאַרשליידערט דורך בריקן די הענט,
און גריסט זיך אַזוי מיט דער וועלט...

## 2

פאַרסמאַליעטער טאָג איז געפאַלן —
פאַרקאַפּטשעטער קופּער —
אין סטאַדעס פון רויכן,
אויף שטאָטס לייב און לעבן.
— עס זײַנען די שטאָט-לײַט אַרוים אין די גאַסן,
אין פּאַסן, .אין פּאַסן;
געפלאָכטן אין רינגען,
פאַרשלייערט די ראָגן,
געריִנגלט מיט אָרעמס, מיט שטעקנס, אַפּצאַסן.
שלאַנגען-טראַמווייען, .מיט איינציקע אויגן,
שניידן אַרײַן זיך מיט קעפּ אין די מאָסן.
ס׳קרייצן זיך כוואַליעס פון ווינטן, און קעפּ-לויף —
אַ קאָפּ אויף צוויי אַקסלען, אַ קאָפּ אויף צוויי אַקסלען.
פּעדערן, .שפּילקעס און לענטעס פאַרצויגן.
אין פלאַטער פאַרבויגן,
דאָרט איז אַ נאַקן, און דאָ אַ פּאָר אויגן...
עס דרייט זיך, עס דרייט זיך
אַ רודל, געדריידל —
באַלד וועט אַ כאָפּ טאָן דער אוילעם די שטיבער,
און וועט זיך אַ קער טאָן, אַ קער טאָן אַריבער;
ווילד זיך צעפליען מיט פּיס אין די שטערנס.
אַ טאַנץ אין די גאַסן —
אַז שטאָט וועט צעפּלאַצן...

## 8

א כאַסענע היינט אין דער שטאָט פון פאַרזעסענע מיידן —
ווינט טרייבט דעם רויך פון פאַבריקן,
און וואַרפט אים ווי פלאַכטעס אויף דעכער.
דאָס קעמט מען אַזוי ביי די מיידן די פלאַקסענע קאָלטונעס;
עס קוויטשעט א מאַמע א בייזע און שמייסט אין די הינטנס,
אַז ס׳הייבן זיך אַזש די פאַרסאַרגעטע קליידער אין לופטן.
א כאַסענע היינט אין דער שטאָט פון פאַרזעסענע מיידן —
געקומען די פריצישע פעטערס אויף קאַטשן,
און אָרעמע קרויווים אין טראַנטעס, מיט פעקלאַך;
און דזשאַדעס מיט פידלען, מיט בלינדע „קאַביעטעס“.
און סטאַם אַזאַ אוילעם אויף וואונדער צו קוקן.
פאַרקלעפּט די טראַמוויייען ווי פליגן-פּאַפּירענע בלעטלאַך,
עס ראַשט מיט פאַראַדן, פאַרלייגט די בולוואַרן,
ס׳פוצן זיך אוים די יאַבּלאָנישע טעכטער
מיט פּערפיום, בריליאַנטן, און שמאַרקע דעקאַלטן,
און שפּירן דערוהייל אין מאַכשאָווע
דעם ריר פון די וואָנסעס ביים קושן די ברוסטן...
איי, ווער מען כאַפּן א טענצל אין אָוונט,
איי, וועט מען כאַפּן א טענצל...

— — — — — — — — — — — — — —

באַנאַכט, און די שטאָט האָט צעצונדן שטאַרקאַצן,
גאַפן אויף מיילן אַרום די יעשואָווים
און קוקן זיך איין אין דער לאַנע פון פלאַמען.
— אַן אילומינאַציע, מען פירט צו דער כופּע פאַרזעסענע מיידן,
און באַלד וועט מען גרייטן די טישן;

עס שטייט שוין דער אוילעם מיט אָפענע מיילער,
מיט ליידיקע בייכער.
די קלעזמער פאַרסטרויען די קיילים,
די דינער — די זאַלן,
עס וואַרטן די קעלנער אַרויס אויף באַפעלן.
איינס, צוויי, דריי, און ס'איז פאַרטיק —
ס'קנאַקט שוין אַ ניגן אַ ווילדער,
אויף בוידעמס, אין קעלערס, אין רייכע סאַלאָנען,
אַ טויזנט קלאַווירן, גאַרמאָשקעס און פויקן,
זיידענע קליידלאַך, און גראָבע „באַרכאַנקעס",
זינינקע דאַמען און ברוסטיקע שיקסעס,
פעטע, באַזויפענע מאָרדעס און גלאַנציקע פליכן,
פאַיאַצן מיט לאַטעס פון הינטן, האַלב-נאַקעטע פרויען;
מייטקעס מיט שפּיצן, און אייגעלאַך-בליצן...
יאַמען מיט שוויים, וואַגאָנען מיט פודער,
טאַ-ראַ-טאַ, טאַ-ראַ-טאַ, עס פינקלען די פאַרבן,
עס פלאַמען די אָטעמס עס גליען די קניען,
אַ פלאַש נאָך אַ פלעשל — „פאַרקנאַקט" ביז צום שטאַרבן...

— — — — — — — — — — — —

פאַרטאַנצן די נעכט ביזן גרויען באַגינען,
און מאָרגן פאַרוואַרפן די קוישן אויף אַקסלען;
אַרויס אין די הויפן און מאַכן אַ טומל,
צעלייגן די גאַסן מיט שווערע מאַסאַעס,
שפּאַלטן די הימלען מיט פייף פון פאַבריקן,
און כאַסענעס פראַוזען קעסיידער, קעסיידער.
אין שטאָט פון פאַרזעסענע מיידן — — —
וועמעס ריי קומט איצטער?...

## איך וועל שוין — —

מײַנע זומערדיקע באַגערן
ליגן דאָ צעוואָרפֿן אויף די סקווערן;
אין רױשיקן געדרייִ פֿון פֿייער־ווערטער.
אויף אַלע ערטער —
מײַנע שאָצן — יוגנט.
כ׳האָב צעשיקט כּאַלוימעס דאָ, ווי פֿייגל.
און צעגאַנגען זיך אויף שטיינערדיקע גאַסן.
כ׳האָב אַ כּייליק דאָ אין יעדן שטייגן.
אין קישעפֿדיק פֿאַרריסענעם און אַנגעשטאַלטן שווייגן.
מײַנע בליקן הענגען דאָ אויף באַלקנס און אויף שטאַנגען;
אויף אײַזן — שטיקער צירונג
האָב איך אויסגעטווישט די בלאַנדע גאָלדענע פֿאַרלאַנגען.
— איך וועל שוין קריכן דאָ אויף הויכן לייטער,
צום קאָפּ פֿון שטאָט — פֿאַרריסענעם אין כּאַלאַל ווייסן;
איך וועל שוין פֿריער, צי שפּעטער,
דעם האַרטן קעניג — קרוין פֿון קאָפּ אַרונטעררייסן...

# פאַרנאַכטיקער אויפשטאַנד

פון אַלע זייטן איז דער סוינע,
ווער וועט זיגן?
פון טויזנט העלזער פון טונעלן
שיסט מען אויס מיט באַנען.
שיפן שטייען פאַרטיק ביי די ברעגן,
און איבער קאָפּ זיך וויגן עראָפּלאַנען.
שפּיאָנען אויף די וועגן, אויף די בריקן;
פייערלאַך מיליאָנען קוקן.
יעדער שלעכטער קער איז טויט,
און אומגליק ליגט אין יעדן טראָט.
וואָס ניט איצטער איז שוין קיינמאָל —
לעצטע שאָ פאַרנאַכט,
עס ציען די כאַיאָלעס זיך מיט מידן לייב,
ציען זיך אַריין אין נאַכט.
קיינער בלייבט ניט איצט פאַרלייגט די הענט,
שטעלט זיך אויס אויף יעדן טראָט,
נאַרט אַרויס דאָס לעצטע ביסל האָב און גוטס;
מאַניעט אויס וואָס איינער האָט.
— — — — — — — —
איינער, איינער, ווער איז איינער?
מידע הענט און נאַכגעלאָזטע ביינער.
אַ טויזנט-אויגנדיקער קנויל,
וואָס שפּאַנט מיט הונגעריקן מויל
די נאַכט פאַרצוקן...
— — — — — — — — — — — — — —

די שלאַכט צעפּלאַקערט זיך אין פולן ברען,
שוין פאַרנומען שפּאַן נאָך שפּאַן.
טריט, און טרעט, און טראַט —
אַ מאַסע אין מאַסן, מאַסן אין מאַסעס,
מיט מענשן די גאַסן פאַרשטאָפּט.
און מיט ניקלס די קאַסעס.
— לאָמיר אויבן ציען בריקן,
וועגן לייגן;
אַ נייע מאַכנע קומט אַנטקעגן.
אַ, וואו זיך אַהינטאָן אין צאָרן?
עס פעלן מיילער אויס צו שרייען,
די מאַשינען זיינען הייזעריק געוואָרן.
טויזנט פערד־קראַפט־גיכקייט
רופן אינגלאַך אויס גאַזעטן;
אויב ניט איצטער, איז שוין קיינמאָל,
לעצטע שאָ פאַרנאַכט...

# פייער

געוואורע ט׳זיך פאַרמאַסטן אויף דער נאַכט,
די כּאַיאַלעס אָנגעשיקט —
אַ היישעריק —
פייער־שלאַנגען, פייער־פליגן,
צו דעם הימל זיי דערלאַנגען,
אויף די ווענט זיי ליגן;
קריכן,
זוכן אין די טיפן.
צינגעלאַך מיליאַנען בלעקן,
לעקן —
פון די שילדן, פון די דעכער,
פון די ראַגן, פון די פענסטער.
פייער־רעדער, פייער־בויגן,
פייער־פייגל, פייער־פליגל,
פאָכען, פליען,
מאַכן מיט די ליפּן,
ווינקען, שלעפן, ציען;
לעקן אוים די אויגן,
לעקן אוים די בליקן.
טאַנצן, שפּרינגען —
טאַנץ אין טאַנץ אַריין.
קרייזן, צירקלען,
ראַנדן, ווינקלען,
שעמערירן, גליען, מיניען,
טראָפּנס פייער רינען,

פייערן פאַרשפּינען
האַרץ און זינען,
קענסט קיין אָנהייב ניט געפינען,
און קיין אויסלאָז ניט דערגרייכן.
גאַסן, גאַסן,
פּאַסן,
איילן זיך און יאָגן
אַ בייזע בסורע אָנצוזאָגן —
פון אַן אויפשטאַנד אין דער נאַכט...
געוואָרע האָט טויזנט מיילער אויפגעמאַכט,
צעבראָכענער געלעכטער לאַכט און קראַכט.
רעלסן,
רעלסן בליצן
און די רעדער קריצן —
מיט די ציינער.
וואָס פון טאָג איז נאָך פאַרבליבן,
ווערט געוואָרע איצט פאַרצוקן,
לאָמיר ראַטעווען די נאַכט!...

# דעפּאַרטמענט סטאָר

**טרעפּ און טירן**

כ׳האָב פאַרבלאָנזשעט אין אַ וואַלד
פון שטאָף, פון שפּיגלען און פון טרעפּ;
עסקעלייטערס, עלעוויטערס,
און שווינדלענדיקע קעפּ.
פון אַלע זייטן דרייען זיך מעשונעדיקע קאַראַהאָדן,
שטראָמען טוישן זיך ווי קעגנאַיבערדיקע ווינטן;
מיט שטויסן שטאָפּן די דילן אָנגעלאָדן,
און ס׳פּלייצט דאָס גאָלד אין לויף געשווינטן...
— — — — — — — — — — — — — —
פון אָפענעם געדריי פון טירן
ציען אויגן, קעפּ, הענט און פינגער,
גיריק, גיריק, גיריק.
קאָלירן פינקלען, שעמערירן און פאַרפירן,
און עס דרייען זיך אין פלאַפּלענדיקע מיילער
עלעקטרישע צינגער...
דער קאָפּ פאַרמישט,
דער טראָט פאַרווישט —
פון נייע טריט,
פלאָר אויף פלאָר,
פון טיר אין טיר,
אַרויף צום גאָט —
פון גאָלד...

## שטאָפן

זיידנס, וואָל, צייג און קרעטאָנען,
פלושן, סאַמעטן, געהאַפטענע גאַרדינען;
צעפלאַטערט, צעוויקלט, צעהאָנגען;
פאַרוואַליעט, געהורבעט איןברייטן און לענגען.
געבלומטע, געקווייטלט, גלאַנציקע, מאַטע,
קאַסטנס, פאַסן, דיאַגאָנאַלן, קוואַדראַטן;
געווירעט, געווינקלט, זיגזאַגיש געמיניעט,
גראַטעסקיש פאַרוואָרפן, פאַרפירעריש געליניעט.
שטרייפן לויפן, וויקלענדיקע רייפן,
פינטעלאַך, רעדער, לעוואָנעס און פייגל;
פלי און פלאַטער...
העל אין העלן, רויט אין פלאַמען,
מאַט אין מאַטער...

הענט מעסטן,
וויקלען שטיקער;
בליקן היטן — ציטער...
— נאָך אַ שטיקל...
— היטער...
קיינער גלויבט ניט קיינעם,
קיינער איז ניט קיינער...
איינער —
דאָרטן אויבן
פירט דאָס גאַנצע רעדל,
טרייבט דעם שטאָף־געָרודער,
רודער,
רו — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
שטאָף, און שטאָף, און שטאָפן —
ניט קיין בענקשאַפט, ניט קיין האָפן;
די פאַרקויפער זיינען שטאָפן —
ווילן שלאָפן,
נאָר די הענט,
הענט —
מעסטן, וויקלען, לייגן, קערן,
הענט —
טאָרן מיד ניט ווערן...
נאָך אַ שטיקל,

נאָך אַ ניקל;
פון אַ ניקל ביז מיליאָנען,
אויף ווענט, אויף פּאַליצעס און טישן.
גאַסן-טישן.
— מענשן און קאָלירן מישן זיך און מישן,
דרייען זיך, פאַרדרייען,
טומלדיקע קעפּ,
טולמדיקע הענט.
קאָלירן שרייען פון די ווענט —
קומט אַהער!
קויפט, נעמט!
— עס גייט דאָס געלד
דורך אָדערן, דורך שטראָמען —
אַ פּאַרקויפער איז אַן אָדער.
אַ טיש איז אַ שטראָם.
אַן אָפּטייל — אַ טייך.
און אַלע טייכן ציען זיך צום יאַם,
צום הויפּט —
צום העכסטן מאַן,
צום גאָלדענעם גאָט,
וואָס זיצט אויף אַ באַרג פון ניקלס,
און מיליאָנען...

## מיטנטאָג

אַלע פֿענסטער־לענגען גליִען קעגן זונעדיקן מיטנטאָג,
שטראַלן ציִען זיך אַריבער שמאָלע פּאַסן דילן;
ס׳ליגן ביידע העלפֿטן טאָג אויף וואָג,
און ס׳ליגט אויף וואָג דער וואַקלענדיקער ווילן...
עס נאָגט דאָס האַרץ און ציט צום גלאַנץ פֿון גאָלד,
עס פֿאַלן שטיקער זון אויף ציטערדיקע פֿינגער;
עס קראַמפֿן זיך די הענט מיט געוואַלד,
און אין די שלייפֿן טויזנט גלעקער קלינגען...

## קיילים

וואַזן פֿון האָלאַנד, פֿון פּערסיען, פֿון כינע.
יאַפּאַנישע קרוגן,
געשליפֿענע סערוויזן.
קאַראַפֿינען דינע,
פֿראָסטע בלומען־טעפּ,
ליים און עמאַלן.
טעלער —
טעלער —
אַזוי פֿיל געפֿעסן —
וועל איך עפֿענען די פֿענסטער —
— זאָל מען קומען, זאָל מען עסן...
אַלץ איז צוגעגרייט,
עס פֿעלן בלויז די קיילים.
די מיילער זיינען אָנגעברייט.
מען זאָל נאָר ניט פֿאַרטיילן...
אַרום די ווענט פֿון „קופּער יוניאָן“,
פֿון די אויסגעהוילטע נישעס.
אויגן בעטן, אויגן מאָנען —
אַרבעט.
עסן...
אַזוי פֿיל געפֿעסן —
וועל איך עפֿענען די פֿענסטער —
זאָל מען קומען, זאָל מען — ...

ס'הענגט דער הונגער איבער קאפּ,
ס'ציט דער טויט אראפּ
די הענט...
ארום די ווענט
פון „קופּער יוניאָן".
אויגן בעטן, אויגן מאָנען —
קליאַנען...

— — — — — — — — — — — — —

אזוי פיל געפּעסן —
וועל איך עפענען די פענסטער —
זאָל מען קומען, זאָל מען עסן...

## אָרום שפּיטאָל

אָרום שפּיטאָל ליגט דער טויט
ווי אַ זאַטע קאַץ.
— פרעסט די צוגעוואָרפענע כוילאַיעם
פּאַמעלאַך און פויל...
— — — — — — — — — —
די ווייסע זון אָרום שפּיטאָל
פאַרברענט די גרעזער־קעפּ.
די ווייסע זון אויף טרעפּ,
ווי טעפּיכער פאַרשפּרייט;
וואו ס׳גייט אָרום דער טויט.
— — — — — — — — — —
ס׳קומט מיט אימפּעט אַ מאַשין:
מ׳נעמט אַראָפּ אַ קינד —
צוויי הענט, אַ טויטן קאָפּ.
טריט —
הילכן הויל אויף די טרעפּ.
די מאַשין פליט אַוועק,
אָרום שפּיטאָל —
בלייבט טויט און שרעק...
— — — — — — — — — —

א שוועסטער אין דער זון —
א ווייסער פויגל —
האט א פאך געטאן מיט ווייס,
מיט ווייכע, קילע פליגל.
זי ווערט אין טויטן בלענד ארום פארצערט,
קלינגען אירע טריט,
און קלאפן הויל.
ס׳בלייבט ארום שפיטאל
דער טויט,
פויל...

— — — — — — — — — —

פון א דארף,
אין אן אלטן פארד,
זיינען פויערים געקומען —
דארע ווייבער,
לאנגע קליידער,
מאגערע הענט,
אומגעלומפערט גרויסע היט.
זיי האבן זיך צוגעשפארט צו די ווענט,
און געוויינט.
א פויער האט געגלעט זיין ווייב;
זיינע אויגן האבן גערעדט,
ער האט זיך פארלארן, און געגלעט...
דערנאך האבן זיך אלע געקושט,
מיט קעפ אויף די נאקנס,
ווי לאנגע, דארע בושלס,
האבן אויסגעדרייט דעם פארזשאווערטן פארד
אויף צוריק.

אַ וואָרף געטאָן אַ שטומען בליק
צו דעם גרויסן שפּיטאָל.
און אַוועק.
די ווייבער האָבן אַ בראָך געטאָן מיט די הענט,
אַ וויין אַרויס געטאָן — אַ קלאָג,
זיך געשאַרט ביי די ווענט,
מיט די קעפּ אין די הענט,
צו דער טיר.
זייערע טריט האָבן אָפּגעהילכט הויל,
און פרעמד,
אַרום שפּיטאָל איז געבליבן דער טויט,
און פויל געוואַרט
אויף ווייסן בלענד...

# פאַרנאַכט

**פאַרנאַכט אַ קאַדריל**

...טאָג גייט אַריין מיט דער נאַכט אין אַ שפּיל:
נאַכט — קרוינט פּאַלאַצן מיט ליכטיקע קרוינען,
טאָג — אויף די גאַסן פאַרדרייט אַ קאַדריל,
אַ קאַמף און אַ שפּיל:
קאַרן דרייען זיך אין ראָד מיט בלויען בליץ,
אויף יעדן טורעם צינדט זיך אָן אַ שפּיץ;
פייער־רויט און פייער־ווייס.
ס׳דרייט זיך אַלץ אַרום אין קישעף־קרייז,
קאַר אין קאַר, גאַס אין גאַס,
איינס אין אַנדערן אַריין,
איינגעפלאָנטערט ,
איינ...

— — — — — — — — — — — — —

אַ ראַגעלע לעוואַנע שווימט אַרויס —
אַ הערב.
קלעפּ אין ווייטן שמידן אויס —
אַ האַמער צו דעם סערפּ.
הימל —
מיט ליכטיקע טורעמס פאַרבויט,
ביים ראַנד איז דער לעצטער סאַכאַקל געצויגן —
רויט...

פאַרנאַכט ביים יאַם

פאַרנאַכט פאַרט אויף טונקעלע שיפן אַוועק,
אין אַ ווייטן און פינסטערן לאַנד.
— — — — — — — — — — — — — — —
שיפן רויכערן, אויף פאַן פון שוואַרץ און רויט,
אין האָריזאָנט.
— מען גרייט זיך צו צום קריג,
ס'וועט באַלד אַרויס אַ רוף,
אויף לעבן און אויף טויט,
צו אַלע ברידער אונטער שטייגער.
דערווייל איז הימל לער,
און ביי ראַנדן שטייט נים קיינער.
גליווער.
אַוונט איז אַריבער,
אינם שוואַרצן לאַנד...

### זונפארגאנג

עס גליען די קעפ פון דיביימער אין העלישן פלאקער.
זון גייט אין יאם מיט א גאלדענעם אקער,
צעגראבט און צעווארפט די גאלד-כוואליע שטיקער
מיט די קעפ אראפ אין יאם
טונקען זיך די שיפן אינם פלאם.
צווישן יעדן בלאט, און צווייג, און שטאם,
דער רויטער גאלדענער פארגאנג.
שויבן גליען קעגן אונטערגאנג.
שטויבן פלאטערן אין ציטער.
זון, מיט א פלאמיקער קאסע אין האנט — ווי א שניטער,
שניידט מינוטן לעצטע פונם טאג...
א וואלקן מאכט אזא מין איבערפאל
אויף יעדן הענגענדיקן שטראל;
פארטונקלט און צעברעכט;
און ס'שטעקט די זון ארויס צעגליטע שווערדן צום געפעכט...

## וואָלקן און שטערן

וואָלקן גייען איבער שטערן,
שטערן שטעכן דורך די וואָלקן.
אויף מישקוילעס הענגט דער הימל,
נאָר אראָפּצופאַלן...
ס׳וויגט זיך דער אומעט אויף הענגענדע בריקן,
ס׳ציטערט דאָס וואַסער געקאָרטשעט אין כוואַליעס.
אָפּשיין פון לאָמפּן — זילבער־ליכט זיילן,
ברעכן זיך אין פונקען, און צעפאַלן.
אָ, סאַראַ נאַכט מיט סאַקאַנעס —
וואָלקן גייען איבער שטערן.
שוין פאַרנומען אַלע זייטן הימל,
שוואַרצע ראַנדן, שוואַרצע ברעגן,
אויסגעבעט געלעגערס פאַר די שיידים וועגן.
אַ טייוולשער כויזיק אַזוינער —
צו ליגן און רויכערן שטערן,
און שפּייען מיט פינסטערע וואָלקן...

## באַגינען, די הייזער ווי שיפן

א גאַנצע נאַכט האָט געגאָסן אַ רעגן,
אַ נאַכט — ווי אַ שיף אויף אַ שטורמישן יאַם;
אַ ווינט האָט געבלאָזן.
איז באַגינען צוגעשוואומען צו אַ האַפן,
האָט געלאַנדעט ביי די ברעגן,
ציכטיקער באַגינען, לויטערער באַגינען;
הימל צינדט זיך אָן,
דעכער—שיפן קומען אָן,
אויף אַ דאַך אַ פאָן —
פאָראויס — אַ פאָן.
מענשן זעט מען ניט,
קיין מענשן נאָך ניטאָ.
אין די קאַיוטעס פוצן זיי זיך אויס,
ווועלן אויף די דעקן באַלד אַרויס;
מידע נאַכן שווערן וועג,
צו גריסן פייערלעך דעם טאָג,
און די אויפגייענדע זון...

## טיימס סקווער

**פאַרשפּיל**

אפן רוקן פון דער שטאָט
רייטן פייערדיקע רייטער
אַרויף צו בראָדוויי.
ס׳רופט דער פאַררוסענער סקווער —
מיט פייערדיק געשריי.
עס ברענען הייזער־קעפּ
מיט פלאַמען־שלעפּ;
עס טראָגן זיך צום הימל אויף
דזשעזן־קלעפּ און לוסט.
בראָדוויי גייט —
פּיס אין רעדער איינגעדרייט;
פרייד,
ווי...
The Gay Way

— — — — — — — — — — — — —

בראָדוויי.
האַרץ פון שטאָט,
פון לאַנד,
פון וועלט,
אויגן אַלעמענס צו דיר געווענדט.
הערצער פון דער גאַנצער מעטראָפּאָליע
שלאָגן.
ס'שטרעקן זיך צו דיר די הענט
פון גאַנצן לאַנד,
ס'פאַלן קעפּ צו דיינע פיס.
דורך אַלע זיבן יאַמען,
דורך לופט און שטורעם,
דורך אַלע וועגן,
בערג, טונעלן,
באַנען יאָגן,
שיפן טראָגן
מענטשן־לאַסט צו דיינע שוועלן,
אויסצולאָדן.
בראָדוויי —
דיין טיר איז פון גאָלד,
פון זילבער די שלעסער;
דיין וואָרט — איז אַ מאָרד,
דיינע אויגן — אַ מעסער.
האָסט קישעפדיקע פינגער.
בראָדוויי —
באַצווינגער;
דיין נאָמען איז צעקלונגען,
צעזונגען — — — — — — — — — — — — —

עס לאַכט בראָדוויי
ביינאַכט,
עס שעלט אין ווײַ
בראָדוויי.
— הערן אין צילינדערס,
טויזנט־פאַרבנדיקע בענדער,
וואונדער.
דעקאָלטירטע דאַמען,
בעטלער בלינדע,
ליפּן, פּאָמאַדעס,
שפּיל, טאַנץ,
סערענאַדעס,
מילאָנענדיקער גלאַנץ.
רעדער דרייען זיך און סקריפּען,
שיכּורים וואַקלען זיך,
גויסעסדיקע כריפּען,
שענדער שפּייען אויס,
געשענדעטע כליפּען...
שילדן פון קאַרניזן,
שפּיזן —
הונדערט מיידלאַך צום טאַנצן
פאַר יעדן מאַן
פאַראַן...

— — — — — — — — — — — — —

שפּאַן אַרויף בראָדוויי,
אַרויף
שפּאַן,
קלעטער העכער, פייער:

פרייער פלאם,
לאווע־יאם,
גים.
זאל דער הימל פאלן דיר צו דיינע פיס,
אפגאט — ריז...

— — — — — — — — — — — — —

אפן רוקן פון דער שטאט
רייטן פייערדיקע רייטער,
יאגן,
פייער־פערד און פייער־וואגן
בייזע בסורעס אנצוזאגן;
מיר וועלן שוין מער ניט פארטראגן,
מיר וועלן ניט...

— — — — — — — — — — — — —

— ווער?
איך וועל קומען מאנען ביי דעם סקווער!
איך בין איינער פון מיליאנען,
א פראסטער, אזא פראסטער:
כ׳האב קיין פראק ניט, קיין צילינדער,
און קיין אויטא ניט אפילע.
אויגן האב איך, קום איך קוקן
אויף דיין בייזן וואונדער;
שטעל איך זיך אנידער ביי די פיס פון „טיימס" קוקן.
א נאכט איז אזא, און עס קאפעט א רעגן,
איבער מיר, און אונטער, און אנטקעגן,
שפאטן טויזנט פייערדיקע בליקן
פון מיר אזא איינעם.
נאר איך האב שוין איינמאל א טאינע —

ברידער מיינע
שוועלן אויף פון הונגער,
גייען אום מיט אומרו אין די פינגער;
מיט הענט מיט איבריקע, ווי בייטשן,
שפּאַנען,
הונגעריקע קאַראַוואַנען,
ביז וואַנען!?
ענטפערט מיר דער סקווער מיט א געלעכטער,
מיט א גאַס פון רעגן.
קוקט מיך אָן מיט ברענענדיקע אויגן,
און מיט וועכטער
אומגעשטעלט אַרום פאַרמעגן...
הייבט זיך אָן אין האַרץ אזא גערודער,
אָן אויפברויז אין די בלוטן.
— מיינע ברידער יאָגן
איבער רוקן פון דער שטאָט.
פייערדיקע רייטער
טראָגן פאָנען,
מאָנען...
פונקען דרייען זיך פאַר מיינע אויגן,
סקווער גיט זיך א דריי,
מיט קאָפּ אַראָפּ פאַרבויגן;
ס׳פאַלט אין פּנים מיר א קרומער פייערדיקער רעגן:
מיינע ברידער קומען אָן,
אויף פייערדיקע וועגן...

## מעדיסאָן סקוועד

געלער פייער אויף אַ שוואַרצן פּאַן
קלעטערט אום פון אויבן אָן.
ס'שפּילט דער ווינט,
אויף אויסיעס פון שילד,
פייערדיק און פלינק.
אין שטיינערנעם טאָל
זיינען ריזן צעשטעלט;
אַ ריז מיט אָפּגעהאַקטע הענט,
אין אַ ליכטיקן קאַפּטער פאַרהילט.
אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ,
אַ ריז אין אַ ריז.
צווישן די שטיינערנע פיס
פון די ווענט,
די העלזער פון גאַכן געשטרעקט
און דערשטיקט...
אַוונט פאַלט אַראָפּ,
שלאָגט זיך אָפּ
אין מויער־קעפּ;
צעלייגט זיך אויפן סקוועד
אַ גרויסער, שוואַרצער בער,
און צינדט פונאַנד זיין פעל —
אין רויט, אין גרין, און געל.

פייער, פייער,
גייער, גייען —
טריט־געררויש אין קאפ.
פון אונטער די בריקן בראזגעט א רויש.
און רייסט ביי די פיס ווי א הונט.
פון וויטן דערטראגט זיך א ווילדער געקלאנג;
ווייסט מען ניט וואס דארטן טוט זיך אפ —
צי מען שעכט די גאסן אויס אין דעם געדראנג.
צי פון אויפשטאנד א געזאנג?
אט האט דאכט זיך אויפגעפלאמט א פאן,
און אט א שאס.
„פלעט אייראן בילדינג״ שטעקט אריין די נאז
אין סקוועור —
און פארשט,
און זוכט,
און שמעקט.
מאסן לויפן דורך אין שרעק,
ווי סאלדאטן אין געיעג;
בלייבסטו שטיין
און ווייסט ניט וואס צו טאן...
גאר אריין אין קאן,
אין ברען —
ניט קיין ברויט, ברויט.
רויט, רויט.
קאמף.
בונט!
פאר אלע טעג פון טעמפער נויט.

## פאַר דעם לעבעדיקן טויט...

שפּעט ביינאַכט אין סקווער,
איז שטיל און וויסט און לער.
מויערן פאַרקריכן אין דער לופטן,
לעכערן דעם הימל דורך, ווי קראַטן.
„באַסעס“ שלעפּן דורך דעם לעצטן פייגער,
צו לעוואַיע קלינגט דער זייגער...
צעלייגן זיך די טרעמפּס אויף האַרטע בענק,
וויקלען זיך די פיס אין צייטונגען, פּאַפּירן.
ס׳וועט אַ „ביוטי“ פון די „פּייפּערס“
נאָך אַ טרעמפּ אַזאַ פאַרפירן...

## יוניאָן סקווער

— כאַווער,
וואָס ברענגסטו פאַר אַ גראָשן?
— פרעג ניט בעסער,
ניט פאַרביטער!
ס׳וואַקסן יונגען אוים ווי שניטער,
הענט ביי זיי ווי מעסער...

— — — — — — — — — — — — —

פון אַלע זייטן האָט די שטאָט געשיקט דאָ גאַסן אין שעליכעס,
קאַפּעלעס צו שפּילן פאַר גאָט.
טויזנטער מאַשינען אָנגעיאָגט ווי רוכעס,
און ווייבעלאַך מיט בייגל אויסגעשטעלט צו שפּאָט...
נאָר ס׳הענגט שוין דאָ אַנטקעגן סקווער,
מיט גליענדיקן זאַד —
דער איינציקער געבאָט —
פ ר יי ה יי ט ...

— — — — — — — — — — — — —

עס שמעקט מיט אויפשטאַנד דאָ,
און טאָמיד שמעקט מיט פרילינג.
ס׳איז סקווער מיט רויט
שוין אַ צווילינג.
עס קלאַפּט אַ נייַ האַרץ פון שטאָט,
אין רויטן סקווער.

ס'איז איין באַגער —
דורך הייזער־קעפּ,
דורך לופט און דראַט —
צעטראַגן איבער אַלע טיילן פון דער שטאָט.
אַנטקעגן סקווער,
גאַס אריבער,
לויפט בראָדוויי
צו וואָל־סטריט גריבער
אונטער דרערד;
צום אויצער גאָלד,
שטייט דער רויטער סקוועו אינמיטן,
ווי אַ ביין אין האלז;
און האַקט בראָדוויי דעם אָטעם איבער...
— — — — — — — — — — — — —

ס'האָט פרימאָרגן היינט אַ פּאַטש געטאָן דער גאַס אין פּנים,
מיט אַן אָנקום פון אַ פאָלק מיט פאָנען;
האָט די גאַס אַ צי געטאָן דעם אָטעם אַנדערש —
פאַרבויגן אין אַ זייט אַריין די קאַרן,
און פאַרנייגט זיך מיט מאַשינען.
אָנגעשטעלט די אויגן גיריק:
מיט מוירע און מיט סינע.
אינעם אויפפלאַץ פון געראַדער
האָט אַ גאַנץ פאָלק מיט ברידער
זיך צעשריגן — נידער!
זאָל!
און ווידער —
זאָל!
די זון האָט צוגעשיינט צום טאַקט,
האַרץ צום טאַקט;
פיס אין טראָט,
פויקן־קלעפּ,
טראָמפּייטן־שאַל.
און לעבן זאָל...
זאָל!...

## אָנטיילנעמער:

ארבעטער

ארבעטער פרויען

ארבעטער קינדער

באשעפענישן — כאיעס און פייגל

געוויקסן — בינטלאך קארן

קרוגן מיט זאנגען

בלומען

פיגורן — פיגור פון ארבעט

פיגור פון רו

פיגור פון קונסט

פיגור פון וואקסן

דעמערס — מארגן-קינדער

זון-גלימערן

אוונט-שאטנס

דערציילער

## ערשטע סצענע

ראַוּווער באַגינען.

די וואָלקנס ביי די ראַנדן הימל — ווי זאַטע, פולע קינדער.

א כאָר מאָרגן־קינדער, מיט ליכטיקע אויגן, אין פלאַטערדיק שוועבן.
זיי קומען און זינגען און דרייען זיך לופטיק קעגן זון־אויפגאַנג.

פון דינעם פרימאָרגן־נעבל הייבן זיך ארויס קוימענס פון פאַבריקן,
פעלדער און ביימער.

די קוימענס זיינען פאַרדעקט ווי געגרייטע טישן.

כאָר:

עס וויגט זיך דער טאָג אויף די ראַנדן
פון בלויען און ראָזאָוון הימל;
אויף סאַמעט און ווייכע געוואַנטן,
פאַרשלייערט אין מיד־מאַטן דרימל.

און ס'שטאַרן אַרויס די פאַבריקן
ווי ווייסע, ווי כאַסענע טישן;
און פעלדער פאַרגרייטע מיט גליקן,
און ווינטלאַך פאַרדרייען, פאַרמישן.

צעעפּן זיך, טאָג, צעעפּן;
שטייג אַרויף, שטייג אויף טרעפּן,
אין זוניקע שלייערס, אין שטראַליקע שלעפּן.
צעעפּן זיך, טאָג, צעעפּן.

צעוויג זיך אין אַלע פיר זייטן,
צערוף זיך מיט אַלע גערופן.
צעצי זיך אויף לענגען און ווייטן:
קיין מיזרעך, קיין מאַירעוו, קיין דאָרעם, קיין צאָפן.

וואו אַ פעלד — זאָל עס וואַקסן,
וואו אַ ראָד — זאָל זיך דרייען,
וואו אַ טיש — זאָל געגרייט זיין,
וואו אַ האַרץ — זאָל זיך פרייען.

זון, זון, זון,
וואַלקנס, ווי ווייסע לעמער.
פרייד, פרייד, פרייד,
עס גייט דער טאָג מיט פולע עמער.

קראַפט, קראַפט, קראַפט,
אין וויגנדיקע אָרעמס
שאַפט, שאַפט, שאַפט,
שטייג, טאָג, אויף אַלע טורעמס.

עס גייט אויף די זון, דער נעבל צערינט.

די פאַבריקן און פעלדער אין הינטערגרונט ווערן ליכטיקער, העלער.
די פענסטער צעשטראַלט און צעפינקלט אין שטראַלן־שפּיל.

זון־גלימערן געפלאָכטן די הענט ציען זיך אין אַ טאַנץ־קיים דורך
די פענסטער.
רינגלען אַרום די קוימענס, גייען אַרויף און אַראָפּ,
וויקלען זיך אויס אין פאַרשידענע פיגורן.

עס קומען אַן אַרבעטער — פעסטע, שטאַרקע,
עס קומען אַן אַרבעטער־פרויען,
די זון ווערט העלער, ליכטיקער, צעשטראַלטער.

עס עפענען זיך טויערן, די אַרבעטער גייען צו, בלייבן ביים אַריינגאַנג.

פיגור פון אַרבעט דערוואַכט. זי צעוואַקסט זיך דערוואַכנדיק.
(מיטן שטראָם פון אַרבעטער ווערט גרעסער די פיגור)

כאָר:

דער טאָג איז פאַר אַרבעט,
פאַר רו איז די נאַכט.
שטייט אויף, דערוואַכט,
אויף, אויף, דערוואַכט!

צאַמט דעם טאָג, און צוימט אים איין,
שפּאַנט אים איין אין הענט־געשפּאַן;
אין אייזן־צאַם, אין שפּאַן פון ליין,
וויפיל קויעך נאָר פאַראַן,

און זינגט צום טאַקט פון קלעפּ,
און קלינגט מיט קלעפּ־מוזיק;
מיט הענט, מיט פּים, מיט קעפּ,
אין שאַפנדיקן גליק.

אַרבעטער ציען שטראָמענווייז, די סירענעס פייפן.

אויסרוף: עס פאַנגט זיך אָן דער טאָג.

דערציילער:

דער טאָג איז אַ מאַיסע אַ שיינע,
אַ מאַיסע צו דערציילן;
אַ מאַיסע פון זון און פון הענט.
אַ מאַיסע פון אַרבעט און שאַפן,
פון מי, פון שיינקייט און פון ליבע,
אַ מאַיסע פאַר קינדער.

עס קומען אָן קינדער, בלייבן ביי דער פיגור פון שיינקייט.

ערשטע קינד:

אַ שוואַלב האָט צוגעקלעפּט דאָס בייכל צו דער שויב,
און איז אַוועק.
אויבן האָט אַ טייב געפּלאַטערט אין די וואָלקנס
מיט שרעק.
אַ ווינט האָט אָנגעיאָגט מיט שטויב
פון אַלע וועגן,
האָט אַ גאַס געטאָן, אַ בראָך געטאָן אַ רעגן.

צווייטע קינד:

אין די וואָלקנס האָבן בליצן,
בליצן שאַרף ווי פייערדיקע שפּיצן.

אויסגעטאנצט אַ שווערדן־טאַנץ,
אַ קאַמף־געפעכט.
אויף פייערדיקע וועגן
זיינען אַנגעלאָפן רייטער —
רייטער אויף וואָלקנס — אויף בערן,
מיט שליפעס, מיט מיצן,
מיט העלעמס, מיט שטערן.

דריטע קינד:

כאַ־כאַ, אַ, כאַ־כאַ,
וואָס פון אַ רעגן קאָן ווערן!

פערטע קינד:

שאַ־שאַ, אַ, שאַ־שאַ,
כ׳וועל אייך עפעס דערקלערן.

פינפטע קינד:

כ׳וועל אייך עפעס דערציילן.

אַלע:

דערצייל, דערצייל עפעס שיינס,
ס׳איז גוט דאָ צו זיצן און הערן.

דערציילער: (דערשיינט. די קינדער זעצן זיך אַרום אים. ער דערציילט)

אַמאָל, שוין לאַנג, שוין לאַנג —

אלע:

ווי לאנג?

דערציילער:

עס טוט מיר באנג,
שוין אבער זייער לאנג,
איז געווען, איז געווען —

אלע:

א, ווי שיין, א, ווי שיין!

דערציילער:

— איז געווען אן אנדער וועלט:
א וועלט מיט געלט,
מיט קיילעכיקע שטיקער געלט.
אוי, האט מען געארבעט שווער!

אלע:

ווער? ווער?

דערציילער:

איינער ווינציקער, און איינער מער.
— האט איינער געהאט, און איינער נים.

א קינד:

ווער ס'האָט ניט געאַרבעט
דער האָט ניט געהאַט —
איז עס ריכטיק אַט אַזוי?

אַלע:

נו, ווי דען? נו, ווי דען!?

דערציילער:

ווען עס וואָלט אַזוי געווען,
ווען...
ס'איז אָבער גאָר פאַרקערט —
געהאַט האָט דער, וואָס גאָרניט האָט געטאָן;
ס'איז דער געווען פון אויבן אָן,
געקיניגט און באַפוילן,
און געהייסן מאַכן, און געהייסן שאַפן.

אַלע:

וואו האָט ער גענומען שקלאַפן?

א קינד:

ווער האָט זיך געלאָזט באַפעלן?

דערציילער:

וואַרט, איך וועל דערציילן.

אלע:

דערצייל, דערצייל.

דערציילער:

ס'האָט דער רייכער איינגעשאַפּט זיך קנעכט —
פאַר געלט,
איז ער אַלעמאָל געווען גערעכט —
פאַר געלט.
ווער ס'האָט ניט געפאָלגט
האָט מען אים פארפאָלגט,
געיאָגט,
געפּייניקט און געפּלאָגט.
פאַר געלט.

א קינד:

פע, איז דאָס געווען אַ מיסע וועלט!

אלע:

פע, אַ מיסע וועלט.
עפּעס אַנדערש דערצייל,
עפּעס שענערס דערצייל!

דערציילער:

> ווילט איר וואונדער? —
> קאָן איך ווייזן.

אלע:

> ווייז, באַווייז
> עפּעס נײַס!

דערציילער פאַרשווינדט. עס דערוואַכט די פיגור פון וואַקסן.

עס ציט זיך אַריין אַ פּראָצעסיע פון בינטלאַך קאָרן, גרינסן און קרוגן מיט זאַנגען.

זיי קאָנצענטרירן זיך אַרום דער פיגור פון וואַקסן.

די קינדער בלייבן אין הינטערגרונט.

דערציילער: (דערשייַנט און רופט)

> דער טאָג איז אַ מאַיסע אַ שיינע,
> געוועבט פון פערעלאַך קליינע,
> פון לויטער טראָפן ריינע.
> פון טראָפן ווערט אַ יאַם,
> פון לויטן — אַ פּודיקע וואָג.
> פון קליינע טיילן
> איז אויסגעוועבט דער גרויסער טאָג.

גייט צו די קינדער אין הינטערגרונט.

קאָרן:

מיר זיינען אָנגעזאָפּט מיט זון,
מיט רעגן און מיט זאַפט.
יעדער זאַנג מיט קערנדלאַך איז פול,
און יעדעס קערנדל מיט קראַפט.

ווען קעפ פון זאַנגען וויגן זיך אין ווינט,
אַ פעלד — ווי כוואַליעס אויפן ים.
איז יעדער זאַנג אַ שטיפערישעס קינד,
און טאַנצנדיקע פיס — אַ יעדער שטאַם.

קרוגן:

ווייו אין די קרוגן,
קינדער אין די וויגן,
זיסע וואַסער פרישערהייט,
נאַט, און טרינקט געזונטערהייט.

טראָגן די קרוגן אַנטקעגן די קינדער.

בלומען:

נאַט אייך בלומען — שמעקט,
בינען־זאַפט — און לעקט;
און צירט אייך אויס די קעפ,
און פלעכט אייך בלומען־צעפ.

עס קומען פייגל און פיקן די קערנער.
פייגל מיט לאַנגע שנאָבלען טרינקען וואַסער פון די קרוגן.

בינען לעקן דעם זאַפט פון די בלומען.

עס קומען אַן פויערים מיט פויערטעס, מיט סערפּן און קאָסעס.

פויערים-כאָר:

ס׳איז היים די גליענדיקע ערד,
און זון איז שוין אינמיטן.
אויף פייערדיקע, הייסע פערד
איז די זון געריטן.

ס׳איז היים, היים,
עס שמעקט די ערד,
דאָס פעלד, דער שוויים.

עס בלאַנקט דער סערפּ
אין זוניקן געפינקל,
און ס׳פאַלן זאַנגען-קעפּ אין יעדן ווינקל.

פון פרימאָרגן ביזן אָוונט,
ביז אין טיפן זון-פאַרגאַנג,
שניידן, און קלייבן, און בינדן
און אַרבעטן לאַנג.

אַ זאַנג צו אַ זאַנג — איז אַ בינטל,
און בינטלאַך צעשטעלטע אין סטעפּ.

גיט אַ קוס, גיט אַ גלעט אַזאַ ווינטל,
און קרייזלט די ווינטלאַך די קעפּ.

דערציילער: (דערשיינט און רופט)

דער טאָג איז איצט אינמיטן,
עס טרייסלט זיך פון מי די ערד.
אויף פייערדיקע, הייסע פערד
איז די זון געריטן.

פון לויטערן גינען,
פון גאָר אינדערפרי,
פול אַרבעט און מי
פול ליכטיקן זינען.

עס עפנט זיך אויף אַ טאָפּל־סצענע, מיט גאַלעריען־פאַבריקן.
אַרבעטער צעשטעלט ביי מאַשינען.

רעדער דרייען זיך, האַמערס הייבן זיך און קלאַפּן, שרויפן סקריפּען.
באַסן איבער וואַלצן טראָגן זיך אין געשווינטן לויף.
עס גלאַנצן שטאַל־שטיקער קעגן זון.

עס גייען פאַרביי — אַ מאַן מיט אַן אַקער, אַ מאַן מיט אַ וואָגן,
צוויי אָקסן, אַ העלפאַנד, קעמלען.
אַלע באַלאַדן און שלעפּן.

עס גייט פאַרביי אַ שיף און פייפט, עס פליט פאַרביי אַן עראָפּלאַן
מיט גערויש.

**אין אפענע טויערן ביי די זייטן זיצן קינדער אין א גרויסן פלאץ און לערנען מוזיק שפילט.**

**די פראצעסיע באוועגט זיך אין א שטראם ארום די פיגורן**
**פון ארבעט און וואקסן.**
**די קינדער מישן זיך אוים אין דער באוועגונג.**

ארבעטער־כאר און שאלנדיקער ארקעסטער:

וועך קאן אונזער אטעם מעסטן,
אטעם הייסן, שטארקן, פראסטן,
אז האמער מעכטיקן און פעסטן
האבן מיר אויף זון פארמאסטן.

אין יעדער האנט — א צוואנג, א האמער,
און יעדע האנט איז טייער.
עס איז דער טאג אין ארבעט־קלאמער,
עס איז דער טאג אין הייסן פייער.

פייער, פייער,
פלאם און שאל!
דריי זיך, שרויף,
און האמער פאל.

פאל אראפ מיט מאכט און קראפט,
לעכער דורך דאס הארץ פון אייזן.
דער ארבעט־מאן, וואס בויט און שאפט,
דער ארבעטער קאן וואונדער ווייזן...

באַר:

דער טאָג איז פאַר אַרבעט,
פאַר רו איז די נאַכט;
שטייט אויף, דערוואַכט,
אויף, אויף, דערוואַכט.

דער אַטעם פון אַרבעט רוישט און סאַפעט,
עס פאַכען די האַמערס.

דער נערוויש פאַלט אַריין אין די אָרקעסטער-טענער.

עס באַוועגן זיך די פיגורן אויף דער סצענע,
הייסע אָנגעשטרענגטקייט.

פאָרהאַנג.

## צווייטע סצענע

נאָך האַלבן טאָג.
וואָלקנס מיט גאָלד־געזוימטע ברעגעס שפּילן זיך אַרום דער זון.

סירענעס רופן צו רו.

עס קומען אָן אַרבעטער קינדער:

ערשטע קינד:

פון פעלד און פאַבריק
קומט דער טאַטע צוריק,
קומט די מאַמע צוריק.

צווייטע קינד:

דורך וועגן מיט ביימער,
דורך פעלדער מיט קאָרן.

דריטע קינד:

כּאַווײרים, צעשטעלט זיך אין פּאָרן,
לאָמיר אַנטקעגן שפּאַצירן.

פערטע קינד:

בעסער אין פירן,
ס׳איז שענער, גיין?

פינפטע קינד:

נעמט אייך צוזאמען,
זאָל קיינער ניט גיין אַליין!
צוזאמען.

זעקסטע קינד:

לאָמיר זינגען,
לאָמיר שפּילן,
לאָמיר טאַנצן.

זיי זינגען און טאַנצן, קלאַפּן־צו מיט פּייקלאַך און מיט טעצלאַך.

קינדער:

פון פעלד און פאַבריק
קומט דער טאַטע צוריק,
קומט די מאַמע צוריק.

קומען טאַטעס אַן פון אַלע וועגן,
גייען קינדער זיי אַנטקעגן,
גייען זיי און זינגען,
און טאַנצן, און שפּרינגען.

עס דערוואַכט די פיגור פון קונסט,
עס דערשיינען טענצער און האַרפן־שפּילער.

מיידלאַך שפּרינגען דורך רייפן, אינגלאַך מאַכן ריטמישע באַוועגונגען.
מען וואַרפט באַלן, מען לאַכט און מען פרייט זיך מיט געוויש.

דערציילער:

דער טאָג איז אַ מאַיסע אַ שיינע,
אַ מאַיסע פאַר קינדער.

טראָמפּעט: (רייסט אים איבער)

טרו, טרו, טרו,
טו, רע, טע, טו.

דערציילער:

נאָך דער אַרבעט קומט די רו.
רו און שפּיל,
און צוריק אין פאַבריק;
אַ, סאַראַ גליק!

אַלע:

אַ, סאַראַ גליק,
אַ גליק...

די אַרבעטער קערן זיך אום פון די פאַבריקן, פויערים פון די פעלדער.
עס גייען צוריק — די אָקסן, די פערד, דער העלפאַנד. פייגל פליען פאַרביי.

קינדער: (רופן אנטקעגן די אנקומענדיקע ארבעטער)

א גרוס אייך, טאטעס,
א גרוס אייך, מאמעס.

ארבעטער: (רופן צוריק)

מיר גריסן!
מיר גריסן!
מיר גריסן!

(זיי נייען אלע אפּ אין הינטערגרונט)

דערציילער:
די ארבעט געענדיקט,
דער טאג איז צו ענד.
די זון איז פארגאנגען
אויף מיד־מידע הענט.

אוונט־שאטנס קומען ארויס אין צענטער.

א ברענגלע זון אין האריזאנט מיט רויטע אנגעצונדענע הערנער.

עס פארציען זיך מיט נעבל די קוליסן, די פאבריקן פארשווינדן.

אוונט־שאטנס טאנצן אום אין גראז.

דערציילער:

געענדיקט די מאיסע פון טאג,
זאל קיינער ניט שטערן.

די נאַכט וועט איצט רעדן
מיט שיינענדע שטערן,
מיט פינקלענדע שטערן.

כאָר :

דער אָוונט איז ווייך,
דער אָוונט איז בלוי.
דער טאָג איז פאַר אַרבעט,
די נאַכט איז פאַר רו.

די הענט זיינען מיד,
די קראַפט איז פאַרבאָרגן.
אויף יענער זייט נאַכט
וואַרט אַ נייער שוין מאָרגן...

די בצענע לעשט זיך אוים, דער לעצטער שטראַל פאַרשווינדט.

שטערן פינקלען אויף.

מוזיק שפּילט.

פאָרהאַנג.

## אינהאלט:


ארבעט — — — — — — — — 5
דערפאר בין איך לוסטיק — — — 10
פון יעצירע — — — — — — — 11
קינדער — — — — — — — — 17
לענינס טויט — — — — — — 19
א גרוס צו די כאוויירים אין
סאוועטן־פארבאנד 21
האמער און סערפּ — — — — — 23
מאטראזן — — — — — — — 24
מיין ברודערס קאפּ — — — — 25
ליידיקע קיילים — — — — — 26
שניי — — — — — — — — 27
זונפרייד — — — — — — — — 28
א יונגע אלמאנע — — — — — — 30
שטאט — — — — — — — — 31
איך וועל שוין — — — — — — 37
פארנאכטיקער אויפשטאנד — — — 38
פייער — — — — — — — — 40
דעפּארטמענט סטאר — — — — 42
ארום שפּיטאל — — — — — 49
פארנאכט — — — — — — — 52
באגינען, די הייזער ווי שיפן — 56
סקווערן — — — — — — — 57
וואס דער טאג דערציילט — — — 71

